וו. קאווערין

# דער שטרויס פאָמע



אוקרמלוכנאצמינדפארלאג
1935

ו. קאַווערין

# דער שטרויס פאָמע








מעלוכע־פאַרלאַג פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן אין אוסר"ר
קיִעוו 1935 כאַרקאָוו

פאראנטוו. רעד. — ל. מישקאָוועקי.
טעכנישער רעדאקטער — מ. זארעצקי.
קאָרעקטער — אי. שטולמאנ. פאפיר
72×110 — 1/32—50 קג. 2 דרוק־בויגנ·
איג 1 פאפיר־בויגנ 80 000 צייכנס. טי־
ראזש 2 500 עקז. פארלאג F—18 №.
9־טע מעלוכישע פּאָליגר. פאבריק אופק־ט.
קיעוו, רויטער פלאצ 2־a. באשט. № 8.
באפולמ. פונ הויפטליט № 5030. אָפּגע־
געבנ איג זאצ 1/I—1935. אונטערגע־
שריבנ צומ דרוק 19/V—1935.

## א ייִנגל, וואָס האָט ניט ליב געהאַט קיין כײַעס.

אין אלץ זײַנען שולדיק געווען די פלאמינגעס. זייערע פיס זײַנען ענ־לעך געווען אף א צירקל, דער שנאָבל — אף א טאבאק־פושקעלע. איינער פון זיי איז געשלאָפן, פארלייגנדיק דעם קאָפּ אונטער א ראָזעווע פליגל. ער איז געשלאָפן, ווי א סאָלדאט אף דער וואך; דערנאָך האָט ער זיך אופגעכאפט, אָפּגעשווענקט א פוס און זיך גענומען מיט אים קראצן אונטער די אויערן.

— קראק, — האָט ער א ברום געטאָן, און נאָך אים האָבן אלע פלא־מינגעס זיך צעשריִען: „קראק”, גלײַך ווי אלע טירן פון א שטוב האָבן זיך מיט איין מאָל פארמאכט און צעעפנט.

די פלאמינגעס האָבן א פאָך געטאָן מיט די פליגל, נאָר זיי זײַנען אין ערגעץ ניט געפלויגן, זיי האָבן זיך אלץ ווײַטער אויסגעקלאָזט אין דער סאזשלקע און אָנגעהויבן כאפּן פיש. שטאָלץ און מיט ווירדע האָבן זיי ארומגעשפאנט, און זייערע פיס — לאנגע, דינע — האָבן אינעם וואסער־שפיגל פון דער רויִקער סאזשלקע אויסגעזען נאָך לענגער און דינער.

איך האָב זיך פארקוקט אף די בעקאָוועדיקע פייגל און איך האָב פאר־לוירן מײַנע פרײַנט, מיט וועלכע איך בין געגאנגען באטראכטן אסקא־ניע־נאָווא.

צוויי זײַנען זיי געווען. איינעם האָט מען גערופן טשעבערדע, דעם צווייטן—קאָליקאָוו. טשעבערדע איז געווען א לאנגער, א סוטולעוואטער, אן אומעטיקער, קוליקאָוו — א קלייניקער, א פריילעכער.

צווישן זיי איז ניט געווען קיין שום ענלעכקייט. טשעבערדען, צום בײַשפּיל, האָט מען אין טאבאָר זייער געשעצט, קוליקאָוו — ניט זייער.

טשעבערדע האָט בא דער אַרבעט געשוויגן, קוליקאָוו האָט געזונגען. און דאָך זײַנען זיי פאַר די לעצטע טעג פון מידקײַט געוואָרן ענלעך איינער אויפן אַנדערן.

געלע, מיט באַקן־ביינער, ווי בא אַ כינעזער, האָבן זיי געפלאָנדזשעט איבערן טאַבאַר, און פון יעדער בײַער שלאָפלאָזער נאַכט זײַנען זיי, דוכט זיך, געוואָרן אַביסל נידעריקער אין וווּקס. קימאַט דאָס גאַנצע ברויט איז שוין געווען אַראָפּגענומען און עס האָט זיך שוין געקײַקלט דורך די רערן פונעם עלעוואַטער אין די וואַגאָנעס אַרײַן, אין די האַפּנס פון דניעפּער האָט מען עס שוין געלאָדן אויף די דאַמפּערס. — מע קאָן דאָך, ענדלעך, — אַזוי האָב איך זיי איבערצײַגט, — זיך אָפּרוען אַ צוויי־דרײַ שאָ צײַט פון דעם הודזשען פון די טראַקטערס און פון דער היץ און ליגראָיִב־איפּעש...

— וואָס־זשע, איך בין אין זאָאָלאָגישן גאָרטן ניט געווען? — האָט געפרעגט טשעבערדע, און דערנאָך האָט ער דעם גאַנצן וועג גע־בורטשעט, פאַרוואָס ער דרייט זיך עס דאָ אַרום, רוט זיך אָפּ, און דער־ווײַל וועלן די דיסקאָנט־פּירער אויף דעם פּרוּוו־פעלד אָנפּלאָנטערן, אָפּנאַרן.

און איך האָב אים דעם גאַנצן וועג געזידלט און דערוויזן, אַז די דיסקאָנט־פּירערס וועלן ניט אָפּנאַרן, אַז אַסקאַניע איז גאָר נישט ענלעך אויף קיין זאָאָלאָגישן גאָרטן, אַז אין די זאָאָלאָגישע גערטנער זיצן די חײַעס אונטער אײַזערנע גראַטעס, און אין אַסקאַניע קען מען זיך מיט זיי בא־געגענען אויף די גאַסן, ווי מיט גוטע באַקאַנטע. מע קאָן אַ שמועס טאָן מיטן שטרויס, און מיטן בײַבאַק זיך באַגריסן בא דער לאַפּע.

לאַנג האָב איך אופגעקלערט אים און קוליקאָוון, ענדלעך זיי איבער־צײַגט, און מיטאַמאָל האָב איך זיי פאַרלוירן און בין געבליבן אַליין מיט די קאָמישע פייגל, וועלכע האָבן אַלץ אַרומגעשפּאַצירט איבערן וואַ־סער, געכאַפּט פיש און זיך געקראַצט אונטער די אויערן.

— דאָס זײַט איר, גאָרנישטן, שולדיק אין אַלץ, — האָב איך געזאָגט די פלאַמינגאָס, — ווען בא אײַך וואָלטן ניט געווען אַזוינע דינע פיס, אַזעלכע לעכערלעכע שנאָבלען, אַזוינע ראָזעווע פליגל, וואָלט איך ניט פאַרלוירן מײַנע פרײַנט, וועלכע ס׳איז ניט אַזוי לײַכט געווען אַרויסצושלעפּן אופן

שפאציר. נו, וווהינ זײַנענ זיי אוועקגעגאנגענ? אפ לינקס, צי אפ רעכטס, צוריק, אָדער פאָרויס? ענטפערט.

די פלאמינגעס האָבנ געשוויגנ. אײנער פונ זיי האָט זיך צו מיר אויסגעקערעוועט, אונ מיטאמאָל האָט ער ארײַנגעצויגנ דעמ פוס ערגעצ אינ בויכ ארײַנ. ער איז געשטאנענ אפ אײנ פוס אונ פארטראכט געקוקט אפ מיר מיט זײַנע פלאכע רויטע אויגנ.

דעמלט האָב איך זיך מיט אימ געזעגנט אונ בינ אוועקגעגאנגענ זוכנ מײַנע פרײַנט, אונ לאנג האָב איך געבלאָנדזשעט איבער די פארדרייטע סטעזשקעלעכ פונעמ אסקאניער פארק. אײנמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזנ, אז ערגעצ אינ די קוסטעס האָבנ א שווינדל געטאָנ טשעבערדעס סו־טולעוואטע אקסלענ. איך האָב זיך א וואָרפ געטאָנ אהינ. נאָר נײנ, קײנער איז דאָרט ניט געווענ. די העפלעכע שײנע זשוראוועס האָבנ ארומגעשפא־צירט איבער דער לוזשע אונ העפלעכ געגריסט אײנער דעמ אנדערנ.

— נו, וואָס־זשע, נײנ איז נײנ,— האָב איך צו זיך אלײנ געזאָגט,— דו וועסט גאָרנישט מאכנ, ליבער פרײַנט, עס וועט אויסקומענ אלײנ זיך אומקערנ אינ ראיאָנ.

ווי נאָר איך האָב אויסגערעדט די ווערטער, אזוי האָט זיך פונ ניט ווײַט דערהערט א לײַכטער פײַפ. דער פײַפ איז געווענ אזא דײַטלעכער, אזא קלינגעוודיקער, אז איך האָב פונ אָנהײב געקלערט, אז דאָס פײַפט גאָר נישט קײנ מענטש, נאָר א פויגל. דאָס איז אָבער געווענ א מענטש, איך האָב אימ אינגיכנ דערזענ, ווענ איך בינ ארומגעגאנגענ די געדיכטע קוסטעס אונ בינ ארויסגעקומענ אפ אנ אָפנ פלאצ.

א ייִנגל פונ א יאָר צענ—צוועלפ האָט ארומגעשפאצירט איבערנ סטעפ, הינטער דער סאזשלקע.

ער איז געגאנגענ אונ געפײַפט. א גאנצע סטאדע שטרויסלעכ האָבנ אימ נאָכגעפאָלגט אונ געלאָפנ נאָכ זײַנע טריט.

ער האָט זיך אָפגעשטעלט אפ א ווײַלע. זיי, די שטרויסלעכ, האָבנ זיך באלד צונויפגעשלאָגנ אינ אײנ הורבע, זיך געשטופט, געקראָכנ אײנער איבער דעמ אנדערנ; ער האָט אָנגעהויבנ גײנ ווײַטער. די שטרויסלעכ האָבנ זיך געוואָרפנ פונ אײנ זײַט אינ דער אנדערער, אויסגעדרייט די קעפ אונ געלאָפנ נאָכ אימ.

דאָס ייִנגל האָט געפּיטערט די שטרויסלעך. ער איז געווען אַ שטרויס־פּאַסטעך.

מיר איז אויסגעקומען אַרומגיין די סאַזשלקע, קעדייִ זיך צו אים דערשלאָגן, און ווען איך בין צוגעקומען, האָבן די שטרויסלעך מער ניט שפּאַצירט, און דאָס ייִנגל האָט שוין מער ניט געפּײַפט. די שטרויסלעך זײַנען געזעסן אין זייער הויז (דאָס הויז איז געווען אָן אַ דאַך, אַ באַ־קוועמס, נאָר ניט קיין גרויס. מיר האָט עס געגרייכט ביזן גאַרטל) און האָבן געפּישטשעט. דער פּאַסטעך איז געזעסן אײַנגעבויגן און זיי גע־קאָרמעט מיט גערשטענער קאַשע מיט ציבעלע.

איצט האָב איך אים גענוי באַטראַכט.

ער איז געווען ניט פון קיין הויכן וווקס, אַן אָפּגעברענטער, מיט אַ קײַלעכדיק פּאָנעם, אין אַ טיובעטייקע, אין אַ בלויער מײַקע, וועלכע האָט פעסט אָפּגעצויגן זײַנע אַקסלען, דאָס שנירל איז געווען נאַכלעסיק פאַר־בונדן אויפן האַרצן. די האָר זײַנען בײַ אים געווען שוואַרצע, גלײַכע, און די באַקן־ביינער ברייטע, טאָטערישע, און ווען ניט די פאַריסענע נאָז און די געל־בלויע אויגן, וואָלט איך אָן צווייפל געזאָגט, אַז איך זע פאַר זיך אַ טאָטערל.

ווען איך האָב באַטראַכט דעם שטרויס־פּאַסטעך, האָט זיך מיר דער־מאָנט מײַן שול־פרײַנט טאַקאַנאַיעוו, אַף וועמען מ׳האָבן אין פערטן קלאַס געלערנט דעם אונטערשייד צווישן דער מאָנגאָלישער מיט דער אייראָפּייִשער ראַסע. ער איז געווען דער פלינקסטער אין גאַנצן קלאַס, אָט דער דאָזיקער טאַקאַנאַיעוו. און ווען מע האָט באַדאַרפט זיך שלאָגן מיט די קאַדעטן, האָבן מיר אים דעם ערשטן אַרויסגעשטעלט. ער איז געווען אַ דרייסטער און זיך ליב געהאַט צו פאַרײַסן. איינמאָל האָט ער זיך געוועט, אַז אין דער צײַט פונעם גרויסן איבעררײַס וועט ער אַרײַנפאָרן רײַטנדיק אַף אַ פערד אין פיזקולטור־זאַל, און ער איז אַרײַנגעפאָרן. אין דעם זעלבן טאָג האָט מען אים פון שול אויסגעשלאָסן. מער האָב איך אים שוין קיינמאָל ניט באַגעגנט.

באַטראַכטנדיק דאָס ייִנגל, וואָס האָט געקאָרמעט די שטרויסלעך מיט גערשטענער קאַשע, האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט געוווּסט, אַז אויך מיט זײַן דרייסטקײַט און פלינקײַט איז ער ענלעך צו מײַן שול־פרײַנט.

באוועגנדיק מיט די פליגעלעך, האָבן די שטרויקלעך זיך דרייסט גע־וואָרפן אפ דער קאשע. דאָס ייִנגל האָט זיי געררופן בא די נעמען, און ס׳איז קענטיק געווען, אז ער האָט זיי געהאלטן שטרענג אין איַיזערנע הענט.

— מארוסקע! — האָט ער שטרענג א זאָג געטאָן צו אייגעם, צום סאמע קלענסטן, וועלכער האָט נאָך, קענטיק, ניט געקאָנט גיין ווי ס׳באדארף צו זיַין, און פונדעסטוועגן איז ער געקראָכן פאָרויס, כוצפעדיק געדרייט מיטן האלדז. — וווּהין גייסטו? סטאָפּ! אפ צוריק! די דריטע שנעלקייַט!

איך האָב באטראַכט די שטרויסלעך.

— פארוואָס זיַינען בא זיי די קני אזעלכע דיקע?

דאָס ייִנגל האָט מיטן לעפל אָנגענומען אביסל קאשע און צוגעטראָגן מארוסקען, וועלכע איז אָפּגעפלויגן לויט דער דריטער שנעלקייַט אין ווייַטסטן ווינקל. זי האָט אזוי פאנאנדערגעעפנט דאָס מויל, זיך אזוי גע־צויגן צו דער קאשע, אז עס האָט זיך געדוכט, אז דער קאָפּ אירער וועט זיך באלד אָפּרייַסן.

— בא זיי איז ראכיט, — האָט דאָס ייִנגל מיט עקל א בורטשע געטאָן.

איך האָב זיך פארוואונדערט.

— אומגליקלעכע! ראכיט? וואָס־זשע, מיסטאמע פעלט זיי דאָ זון אין אסקאניע?

דאָס ייִנגל האָט זיך אנידערגעזעצט אפ די שפּיץ־פינגער און פון דער האנט געקאָרמעט די שטרויסלעך.

— עס קלעקט ניט, — האָט ער איראָניש געזאָגט, — דאָ, ברודער, איז די זון אזא, וואָס א גאנצן טאָג ווייסטו נאָר איינס, כאָטש דאָס העמד אויסצודרייען, און פאר זיי איז ווייניק. מאָל דיר, מע האָט זיי צעבאלעוועט, אָט וואָס.

ער איז אופגעשטאנען און איז צו מיר נעענטער צוגעגאנגען.

— פונוואנען זיַיט איר? פון טאבאָר?

— פון טאבאָר.

— נו? — האָט דאָס ייִנגל זיך פריידיק אָנגערופן. — ס׳איז עמעס, מע האָט אין טאבאָר געשיקט נאָך א טראקטער?

איך האָב זיך דערמאנט, אז אינדערעמעסן איז קוליקאָוו טאקע מיט

שלעפּט טעג צוריק געפּאָרן אין גלאָווני־כוטאָר איבערצונעמען נײַע טראַקטאָרס.

— איך ווייס ניט, — האָב איך צוגעגעבן, — צי ס׳איז געווען צווישן די טראַקטאָרס כאָטש איין טש. ט.ז. *).

— געוויס איז געווען, — האָט דאָס ייִנגל האַסטיק אַ מורמל געטאָן, — די טש. ט. ז. זײַנען שטאַרקע, ווי רוכעס. איך האָב, ברודער, אויסגע־רעכנט: אויב איין ביזאָן **) פאַרמאָגט די קראַפט פון דרײַ מיט אַ האַלבן פערד, איז פאַרמאָגט אַ טש. ט. ז. די קראַפט פון זיבעצן מיט איין זי־בעטל ביזאָן. זיבעצן מיט איין זיבעטל איז דאָך אַ גאַנצע סטאַדע!

איך האָב זיך פאַרוווּנדערט:

— ווי אַזוי אַ זיבעטל?

— שטיי נאָר, און ווען מע זאָל פאַרגלײַכן מיט שטרויסן? — האָט דאָס ייִנגל אָנגעצייקט אַ [illegible] ג געטאָן, און זײַנע העל־בלויע אויגן האָבן געשײַנט פון פאַרגעניגן. — מיט דערוואַקסענע שטרויסן, נאַטירלעך, ניט מיט קיין קליינע. איז קומט דאַן אויס אַז איין שטרויס דרײַ פערטל פערד. פּינקטלעך! און אין איין טראַקטאָר איז פאַראַן זעכציק פערד־קראַפט. הייסט עס, אַכציק דערוואַקסענע אַפריקאַנישע שטרויסן. אָט דאָס, פאַר־שטיי איך, איז אַ קראַפט!

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם ייִנגל. אונטער דער פאַרברוינטער הויט האָט זיך געמערקט, ווי עס האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט זײַן פּאָ־נעם. די אויגן זײַנען געווען גרויסע, גליקלעכע.

— נו, איז וואָס, — האָב איך גלײַכגילטיק אַ זאָג געטאָן, — אין די סאַלסקער סטעפּעס האָב איך געזען אַ מאַשין פון הונדערט פערד־קראַפט. דאָס, ברודער, איז דיר ניט עפּעס אַבי וואָס פאַר אַ טראַקטאָר! זי אַליין וועט איבערע אַלע ווילדע אָקסן און שטרויסן איבערשלעפּן.

דאָס ייִנגל האָט איין אויג פאַרזשמורעט. ער האָט געשעפּטשעט, גע־מאַכט מיט די פינגער, דערנאָך האָט ער אײַנגעביסן אַ ליפּ, און דאָס אַנ־דערע אויג פאַרזשמורעט. ער האָט אין קאָפּ געכעזשבנט:

---

*) טש. ט. ז. — אַ טראַקטאָר פון טשעליאַבינסקער טראַקטאָר־זאַוואָד.
**) ביזאָן — אַ ווילדער אָקס.

— אַכט און צוואַנציק מיט א האַלבן ביזאַן, — האָט ער א באַגײַסטער־טער געזאָגט, — א שטאַרקע קראַפט!

— ס׳וואָלט זיך אזוי געוואָלט א קוק טאָן אף אזא מאשין. ווי־אזוי זעט זי אויס, א גרויסע? די פאָרם פון א גאנדז? צי אף רעד־לעך?

דאָס ייִנגל האָט מיר אויסגעזען פאר זייער אן אינטערעסאנטן, מיר האָט זיך אלץ געוואָלט וויסן, פונוואַנען איז ער, ווי לעבט זיך אים, ווו ארבעט זײַן טאטע, און צי געפעלט אים אסקאניע. נאָר ער, דוכט זיך, האָט מײַנע פראגעס ניט געהערט. אים האָט פאַרינטערעסירט דער טראַק־טער.

ער האָט זיך באמיט אויסצוקלאָרן דעם גאנצן עמעס פון דער אויסער־געוויינלעכער מאשין, פון אכט און צוואנציק מיט א האלבן ביזאָן־קראפט, און האָט פארגעסן אָן די שטרויסלעך, וועלכע האָבן, קענטיק, אופגעעסן צוויי מאָל אזויפיל קאשע, וויפל זיי איז געקומען. ער האָט פון דער קע־שעניע ארויסגעשלעפט א שטיקל פאפיר און דערויף אָנגעמאָלט אלע באַ־קאנטע סיסטעמעס פון טראַקטערס, — אי א טש. ט. ז., אי א כ. ט. ז. מיט קרומע ציינער אף דער פאָדערשטער ראָד, אן ענלעכן אף א טאנק, מיט איינע לאנגע לאמטערן, אי אן „אינטערנאציאָנאל" מיט א רער, פון וועל־כער עס האָט געזעצט עפעס א געדיכטער געקרײַזלטער רויך.

ער האָט מיך פאָשעט פארמאטערט מיט זײַנע וועלן דערשלאָגן זיך אלע איינצלהײַטן וועגן טש. ט. ז. ער האָט זיך בארויִקט בלויז דעמלט, ווען איך האָב זיך אָפנהערציק מוידע געווען, אז איך האָב די מאשין געזען נאָר איין מאָל, אי דאָס אויך אויבנאויפיק, און אז איך ווייס ניט, מיט וואָס זי אונטערשיידט זיך פון אנדערע טראַקטערס.

— נו, גוט, — האָב איך ענדלעך געזאָגט, — איך דאַרף שוין גיין. ס׳איז די פינפטע שאָ. ווען וועל איך זיך עס דערקלײַבן צום טאבאָר? זאָג מיר נאָר באם געזעגענען זיך, ווי מע רופט דיך, עפשער וועל איך זיך נאָכאמאָל אראָפכאפן קיין אסקאניע, וועל איך דיך געפינען, און מיר וועלן א שמועס טאָן.

— פעטקע קאָוואליאָוו, — האָט דאָס ייִנגל, וואָס האָט ליב א טראַק־טער, א זאָג געטאָן.

ער האָט זיך פאַרטראַכט—און דאָן צוגעגעבן:

— מיטן וועג דאַרפט איר גיין זיבן ווערסט און דורכן באָלשאָי־זאַגאָן האָט איר קוים דרײַ ווערסט.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז באָלשאָי־זאַגאָן איז אַ טייל פונעם אַסקאַנישן פּאַרק.

— מע טאָר דאָך אָבער דורכן באָלשאָי־זאַגאָן ניט גיין.

דאָס ייִנגל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט נאָך אַביסל אַרומגעהאַוועט אַרום די שטרויסלעך, דערנאָך האָט ער זיי פאַרמאַכט אַפּן קייטל און אַ פאַרטראַכטער זיך אַוועקגעשטעלט נעבן מיר.

— איר וועט קיינעם ניט דערציילן, אויב איך וועל אײַך דורכפירן דורכן באָלשאָי־זאַגאָן?

— קיינעם ניט.

— אײַער ערן־וואָרט?

— מײַן ערן־וואָרט.

ער האָט נאָכאַמאָל זאָרגעוודיק באַקוקט זײַנע שטרויסלעך.

— נו, גוט, אויב אַזוי, לאָמיר גיין.

## באָלשאָי־זאַגאָן.

איך האָב גאָרנישט דערוואַרט, אַז דער הויכער הילצערנער פּאַרקן, וואָס האָט זיך אָנגעזען ניט ווײַט פון דעם שטיבל, וווּ די שטרויסלעך געפינען זיך, איז די פאַרצוימונג פון באָלשאָי־זאַגאָן.

פאַר פינף מינוט צײַט זײַנען מיר אַהין אָנגעקומען, און צוואַנציק מינוט זײַנען מיר געגאַנגען לענגאויס דעם פּאַרקן, ווײַל פּעטקע האָט געשראָקן מיט די וועכטער, און האָט ניט געלאָזט אַריבערקריכן.

ענדלעך, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט.

— דאָ,—האָט ער אַ זאָג געטאָן שטיל, כאָטש אַפּ אַ האַלבן קילאָמעטער פון אונדז איז ניט געווען קיין לעבעדיקער מענטש. מיטאַמאָל האָט ער אָנגעהויבן לויפן און, ווי אַ קאַץ, אַ שפּרונג געטאָן איבערן פּאַרקן.

נאָך אים בין איך אַריבערגעקראָכן.

איז אָט וואָס דערדאָזיקער באָלשאָי־זאַגאָן האָט מיט זיך פאַרגע־שטעלט.

דאָס איז פּאָשעט געווען אַן אומגעהייער שטיק ערד, אַזוי ברייט און לאַנג, אַז מע האָט אַזש ניט געקאָנט אָנזען די אַנטקעגנדיקע פאַרצוימונג, און איבער דערדאָזיקער ערד זײַנען אַרומגעגאַנגען הירשן, יאַקעס, אַנ־טילאָפּעס, זעבּרעס און אַנדערע חיות. זיי האָבן שפּאַצירט און גע־געסן גראָז.

איך בין פיל מאָל געווען אין זאָאָלאָגישן גאָרטן און דידאָזיקע חיות האָב איך געזען ניט דאָס ערשטע מאָל. אָבער אַזעלכע לויטערע, רויִקע, אַזוינע גלײַכגילטיקע צו מענטשן — האָב איך זיי געזען צום ערשטן מאָל.

מיר זײַנען אַרומגעגאַנגען דעם טײַך, ווו עס זײַנען געשטאַנען ביז די קני אין וואַסער דרײַ אויסגעפּוצטע מאַנדזשורישע הירשן, און נעבן זיי — די באַרג־לאַמע. זי האָט אַ שמאָלע מאָרדע, אויערן, פאַרלייגטע אַף הינטן. די חיות האָבן זיך באַהאַלטן פון דער זון אין שאָטן פון די ביי־מער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט אַ קליינעם קוואַל.

ווען מיר זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען, האָט די לאַמע אַ שפּײַ געטאָן אין אונדזער זײַט. פּעטקע האָט זי שטאַרק אויסגעזידלט.

— דו, פּעטקע, האָסט מיסטאַמע ניט זייער ליב קיין חיות? — האָב איך אים געפרעגט, דערמאָנענדיק זיך, אַז צו די שטרויסלעך האָט ער זיך אויך באַצויגן שטרענג.

פּעטקע האָט אומצופרידן אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען.

— פאַרוואָס זאָל איך זיי ליב האָבן? — האָט ער געפרעגט. — זיי זײַנען אַלע שוואַכע. נו, די סאַמע געזינטסטע חיה איז דער העלפאַנד. און וויפל העלפאַנדן וועט עס איין טש. ט. ז. איבערשלעפּן?

און ער וואָלט זיך מיסטאַמע ווײַטער אַרײַנגעלאָזן אין זײַנע אויסרע־כענונגען, ווען גראָד דעמלט וואָלט מיך ניט איבערגעשראָקן אַ סטאַדע זייער מאָדנע שעפּסן מיט גרויסע נעזער. זיי זײַנען געשלאָפן אַפן קור־גאַן, און ווען מיר האָבן זיך דערנעענטערט, האָבן זיי זיך פויל אופגע־הויבן און זײַנען אוועק ווײַטער.

— אָט אַ נאָז! — האָב איך געזאָגט פּעטקען.

— דאָס איז די אַנטילאָפּע סײַגאַק, — האָט פּעטקע דערקלערט מיט א
וויכטיקן טאָן.

דאָס איז אזא אַנטילאָפּע, וואָס האָט זייער א גרויסע נאָז.

יאָ, איז דאָס געווען א נאָז! דאָס איז געווען א נאָז פון נאָזנלאנד!
א גראָבע, א בײַנערדיקע, אײַנגאנצן איין קנײטשן, זי האָט זיך געהוידעט,
ווי א שנוק. זי איז געווען עפּעס ניט קיין צופרידענע, א נארישע נאָז, און
לויט איר האָט מען געזען, אז די גאנצע אַנטילאָפּע איז א נאַרישע.

דערנאָך זײַנען מיר געגאנגען אביסל ווײַטער און באגעגנט די גנו*).
איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אז עס קאָן אף דער וועלט
עקזיסטירן אזא ווּנדערלעכע חיה, ווי די גנו.

דאָס איז געווען א קליינע הלל־בלוי פערדל, מיט א גרויסער אָקסע־
נער האָרנדיקער מאָרדע; ערנ־וואָרט, אז זי איז געווען א העל-בלויע, און
כ׳ילעבן, אז בא איר איז געווען אַן אָקסענע מאָרדע. א קורנאָסע, באבער־
דלטע און זייער א בייזע, פיל בייזער פון אַן אָקס.

ווען מיר זײַנען דורכגעגאנגען פארבײַ דער גנו, האָט זי מיטאמאָל
אונטערגעשפּרונגען און מיט א צווייפלהאפטער מינע געשאָקלט מיטן קאָפּ.
דערנאָך האָט זי אויסגעבויגן די הערנער און זיך א וואָרף געטאָן גלײַך
אף אונדז. ווען ניט פּעטקע, וואָלט איך, אָן צווייפל, זיך געלאָזט מיט אלע
קויכעס אַנטלויפן פון דער שלעכטער חיה. פּעטקע האָט מיך אָבער אָנ־
געכאַפּט פארן העמד און מיך צוגעהאלטן.

— זי וועט ניט טשעפּען, — האָט ער א געשריי געטאָן, ווען די גנו
איז שוין געווען צען טריט פון אונדז, כ׳האָב דײַטלעך געזען אירע בייזע
אויגן, וואָס זײַנען געווען געדיכט באוואקסן מיט ווײַסע, שטײַפע האָר.

ריכטיק — די גנו האָט זיך אָפּגעשטעלט א פּאָר טריט פון אונדז.

זי האָט א ווײַלע געשטאנען אף איין אָרט, א ניס געטאָן, און פּלוצים
זיך א לאָז געטאָן צו דער פרייליכער סטאדע לאנג־גריוועדיקע באראנעס,
וואָס האָבן ניט ווײַט שפּאצירט.

— איאָ, זי האָט נישקאָשעדיק טאָרמאָזירט? — האָט פּעטקע שנעל
געפרעגט. — דאָס שפּילט זי זיך אזוי.

נאָר מיר האָט די שפּיל אויסגעוויזן ניט זייער אינטערעסאנט...

*) גנו — אפריקאנישע אַנטילאָפּע.

מיר האָבן זיך פאַרקליבן ביז דער מיט פונעם באַלשאָי־זאַגאָן, פון־דערווײַטנס האָבן זיך שוין אָנגעזען די קאָנטורן פון דער אַנטקעגנליגנדיקער פאַרצוימונג. ווען איך האָב זיך אומגעקערט אויסגעדרייט, האָב איך דערזען אַ גרויסן אַפריקאַנישן שטרויס, וועלכער האָט מיטן גאַנצן קויעך געיאָגט צו אונדז.

באַוועגנדיק לײַכט מיטן עק, איז ער צו אונדז צוגעלאָפן, זיך אוועקגעשטעלט אַף די שפּיץ־פינגער. דערנאָך האָט ער געמאַכט נאָך אַן אומגעהײַערן שפּאַן, אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אַף אַ זײַט און געפינטלט מיט די אויגן. ער האָט זיך אַף אַ ווײַלע פאַרטראַכט, אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אַף דער צווייטער זײַט און ווידער געפינטלט מיט די אויגן.

דאָס איז געווען זייער אַ פײַנער שטרויס, אַ כאָלידע, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זײַנע פּיס זײַנען געווען אײַנגאַנצן נאַקעטע.

פּעטקע איז געווען זייער צופרידן דערמיט, וואָס דער שטרויס איז געלאָפן נאָך אים, איצט שטייט ער און פינטלט מיט די אויגן.

— נו, וואָס, פאָמע? — האָט ער שטרענג געפרעגט באַם שטרויס, — וואָס מאַכסטו כיינדלעך?

פאָמע האָט שעמעוודיק זיך געטאָפּטשעט אַף איין אָרט.

— דאָס איז ניט קיין איינפאַכער שטרויס, — האָט פּעטקע געזאָגט, — דאָס איז אַ העלד פון דעם בירגער־קריג. באַ דעניקינס אַן אָפיצער האָט ער אָוועקגעגאַנוועט אַ פּאַקעט מיט אַ געהיימער מיטײלונג און אים אופגעגעסן.

— ווי אופגעגעסן?

— זייער איינפאַך. דאָ, אין אַסקאַניע, זײַנען אין נײַנצעטן יאָר געשטאַנען דעניקינצעס. איינער פון זייערע אָפיצערן איז צוגעגאַנגען צום פּאַרק: און האָט געוואָלט אַ קלאַפּ טאָן פאָמען איבערן רוקן. באַ דעם אָפיצער אונטערן אונטערשלאַק איז געווען באַהאַלטן אַ פּאַקעט מיט אַ געהיימער מיטײלונג. ווי נאָר ער האָט אַרײַנגערוקט די האַנט אין די שטאַכעטן, האָט פאָמע אַ כאַפּ געטאָן דעם פּאַקעט און האָט אים אופגעגעסן. אָט אַזוי איז דאָס געווען. דער אָפיצער האָט זיך נאָך אים געיאָגט איבערן גאַנצן זאַגאָן. ער האָט אים אַלץ געוואָלט כאַפּן און דעם בויך אופשנײַדן. נו, האָט מען אים ניט געלאָזט.

ארונטערבייגנדיק דעם קאָפּ אויף ביזן עק, האָט דער העלד פונעם בירגער־קריג ביים דער דערציילונג געכאַפּט פליגן בא זיך אפן רוקן. דערבײַ האָט ער זײַן שנאָבל פאַנאַנדערגעעפנט אזוי ברייט, פונקט ווי יעדע פליג זאָל זײַן די גרייס, נו, ווי ניט קיין גרויסע דיניע.

— איך בין מיט אים אלטע כאַווייריים, — האָט פעטקע געזאָגט. — אָט וועט ער מיר איצט נאָכגיין ביזן סאַמע פאַרקן.

עמעס, מיר האָבן זיך פון אָרט גערירט, און דער שטרויס איז געגאַנגען נאָך אונדז.

א שטאָלצער, מיט די פליגל פאַרהויבן, האָט ער געשפּאַנט, ענלעך אפּ אַן אַלטמאָדישער גרויסאַרטיקער דאַמע אין א קרינאָלינע, אין א רײַך קלייד, מיט ווײַסע פעדערן בא די זײַטן.

מיר האָבן אים איבערגעלאָזט בא דער פאַרצוימונג פון באָלשאָי־זאַגאַן. כאָטש פעטקע האָט עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט מיט פאַראַכטונג, אז דער קויעך איז באַם שטרויס א נישטיקער, נו, נישט מער ווי דרײַ פערטל פערד, פונדעסטוועגן האָט ער אים צערטלעך געגלעט איבערן האַלדז, ארויסגעשלעפּט פון קעשעניע א שטיקל ברויט (דאָס איז, מיסטאָמע, געווען פון זײַן אייגענעם פרישטיק) און עס ארײַנגערוקט אין פאַמעס אָפענעם פּיסק.

## א סרייפע אין סטעפּ.

עס איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט, ווען מיר האָבן אריבערגעקלעטערט דעם־פאַרקן פון באָלשאָי־זאַגאַן און דערזען אונטן, אין טאָל, פירקאַנטיקע ברעזענטענע בײַדלעך, וואָס דער ווינט האָט זיי אופגעבלאָזן, גרינע וואַגאָנדלעך און א הויכן סלופּ, אפּ וועלכן עס האָט זיך געוויגט א לאַמטערן. דאָס איז געווען דער טאַבאָר, און דער סלופּ — דער מאיאַק פונעם טאַבאָר. דאָ האָבן געוווינט די מעכאַניקער, די פלוגאַטערס, די דיסקאָנטפירער, די טראַקטעריסטן און אנדערע ארבעטער פונעם קערנער־ראַטווירט. אָט דאָ, ארומגערינגלט מיט א שטעכיקן דראָט, זײַנען געשטאַנען די ציסטערנעס מיט ברענשטאָף, און צווישן זיי א סלופּ, אפּ וועלכן עס איז געווען אויסגעצײַכנט א מענטשלעכער שאַרבן מיט צוויי ביינער, איינער אפּן אנדערן, ווי א קרייץ. אונטערן שאַרבן איז געווען אָנגעשריבן: „ניט רויכערן".

דאָ איז געשטאַנענ א גרויסע מאשינ — א קאָמבײַנ — ענלעכ אפּ א זעגל־שיפּ פונ די יאמ־פּיראַטנ.

דאָ זײַנענ געווענ די זעלבע טראַקטערס, מיט וועלכע עס האָט זיכ אינטערעסירט דאָס ייִנגל, וואָס האָט ניט ליב געהאַט קײנ כײַעס.

בא דער זײַט פונ די בײַדלעכ זײַנענ געשטאַנענ די גרעדערס — לאַנגע, בײזע מאשינעס, מיט וועלכע מע האָט אײַנגעפּרעסט די וועגנ.

פּעטקע האָט זיכ אָפּגעשטעלט:

— אָט האָסטו דיר, — האָט ער אומרויִק געזאָגט, — וואָס איז דאָס אזוינס?

איכ האָב א קוק געטאָנ: אינ דער לינקער זײַט פונעמ טאַבאָר, ווײַט פונ סטעפּ, האָבנ זיכ אָנגעזענ וואָלקנס רויכ, טונקל־דורכזיכטיקע, קײַלעכ־דיקע, פונונטנ באַלויכטענע.

— נו, איז וואָס? דאָס ברענט דאָכ די סטערניע, — האָב איכ געזאָגט.

— נײנ, דאָס ברענט ניט די סטערניע, — האָט פּעטקע מיט א האַנט פארשטעלט די אויגנ, — דאָרטנ האָט מענ נאָכ ניט אראָפּגענומענ די טווּע, דאָס, ברודער, ברענט דאָס פּרווו־פעלד.

איכ האָב זיכ דערמאָנט, וויִאזוי טשעבערדע האָט זיכ באומרויִקט וועגנ דעמ פּרווו־פעלד, ער האָט זיכ אָפּגעזאָגט פונ דער רײַזע קײנ אס־קאַניע, אונ דערנאָכ האָט ער דעמ גאַנצנ וועג געבורטשעט. איכ האָב אימ דערוויזנ, אז פאר דעמדאָזיקנ טאָג וועט גאָרנישט ניט טרעפנ מיט זײַנ פּרווו־פעלד.

ס׳ברענט.

ניט אומזיסט האָט ער זיכ באומרויִקט.

פּעטקע איז שוינ פונ לאַנג פײַל אויסנ בויגנ געלאָפנ צומ טאַבאָר. איכ בינ אויכ געגאַנגענ אלץ שנעלער אונ שנעלער. אָט זײַנענ שוינ, ענד־לעכ, די וועג־קיכנ, די טאַבאָר־פּאַלאַטקעס אונ דער באַקאַנטער דוש, געמאַכט פונ די קעסטלעכ, אינ וועלכע מע האָט געבראַכט די טראַקטערס.

איכ בינ ארומגעגאַנגענ דעמ דוש; באמ ליכט פונ א קאַרביט־לאַמ־טערנ האָבנ מענטשנ, אײַנגעשפּאַנטע אינ לעדערנע פּאַסנ, געגרײט דעמ קײַלעכדיקנ קאָרב פונ דעמ ברונעמ־סלופּ, אונ צוויי פּעסער האָבנ אפּ קײטנ זיכ אראָפּגעלאָזט, אײנע נאָכ דער אַנדערער, אינ טיפנ ברונעמ.

ארום דעם ברונעם האָט געהערשט א טעמפּער געשריי. דער קאָרב מיט דער קייט האָט געציטערט פון אָנשטרענגונג, און די אלטע ברונעם־קליאטשע איז געשטאנען און געקוקט מיט א טעמפּער דערשטוינט־קייט אפן סלופּ, וועלכער האָט, מיסטאמע, פאר זיין גאנצן לעבן קיין איין מאָל זיך ניט געדרייט מיט אזא שנעלקייט.

דער גרויסער קאסטן, אין וועלכן מע האָט אויסגעגאָסן די וואסער, איז שוין געווען קימאט פול. צוויי גרויסע טראקטערס, איינגעשפּאנטע אין די האָלאָבליעס פון די פעסלעך, אין וועלכע מע האָט געפירט די וואסער, זיינען געשטאנען נעבן קאסטן. קוליקאָוו, א צעשויבערטער, א שרעקלעכער, אין א פאנאנדערגעשפּיליעטן שמוציקן קאָמבינעזאָן, איז געשטאנען אפ איינעם פון זיי און געגעבן פאראָרדענונגען.

איך האָב אים א רוף געטאָן, און ער האָט בלויז א מאך געטאָן מיט דער האנט.

און טשעבערדען האָב איך געפונען אין וואגאָנדל, אין דער קאָנ־טאָר פון טאבאָר. א דארער, אן אָנגעכמורעטער איז ער געשטאנען באם טעלעפאָן, און דאָס טרייבל האָט געציטערט אין זיין האנט. ווען איך בין אריינגעקומען, האָט ער געשוויגן. מיסטאמע האָט מען פון דער סטאנציע ניט געענטפערט...

אביסל האָט ער צוגעווארט, דערנאָך אין דער שטיל אָנגעקלונגען. מע האָט אלץ נישט געענטפערט. ער האָט נאָכאמאָל אָנגעקלונגען.

אין קאָנטאָר איז געווען האלב־טונקל, בלויז א „פלעדער־מויז" האָט באלויכטן די שמאָלע נארעס.

א שטילער, א סטולעוואטער איז טשעבערדע געשטאנען באם טע־לעפאָן און האָט געשוויגן. ענדלעך האָט ער אופגעהאנגען דאָס טרייבל און האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר.

— מע ענטפערט ניט, די ליניע איז צעשעדיקט! — האָט ער געזאָגט ניט מיט זיין קאָל.

— די ליניע איז צעשעדיקט, די סלופּעס זיינען, מיסטאמע, איינגע־פאלן, — האָט ער איבערגעכאזערט קוליקאָוון, וועלכער איז צו אים צוגע־לאָפן, ווי נאָר טשעבערדע האָט זיך באוויזן אפ די טרעפּלעך פון קאָנ־טאָר. — ווערסט גאָרנישט ניט מאכן, מע מוז פאָרן.

— וווהין?

— אין גלאווני־כוטאָר!

— נאָך די פּיִערלֿעשער!

קוליקאָוו האָט פּלוצים זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט בּיידע הענט פּאַרן קאָפּ, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און דערנאָך מיטן גאַנצן קויעך זיך אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט אין הארצן.

— יאָ, אָבער מיט וואָס פאָרן?! — האָט ער פאַרצווייפלט אַ געשריי געטאָן. — אלע מאַשינעס זיַינען דאָך אין סאַמע מיטן בּרען, קיין פערד איז נישטאָ, און דריַיסיק קילאָמעטער זיַינען ניט פאַר מיַינע פיס!

אויפן אַנדערן טאָג האָב איך זיך דערמאַנט, אַז פּעטקע האָט אין דער ציַיט פון דעם שמועס זיך עפּעס אַרומגעדריַיט ניט וויַיט פון אונדז. צוערשט האָט ער זיך אלץ געשאַרט אַרום און פאַרביַי אונדז. דערנאָך איז ער צו־געגאַנגען און איז געבּליבּן שטיין נעבּן טשעבּערדען. אַ קליינער, אַ שוואַר־צער איז ער געשטאַנען אין דער טיובּעטייקע אויפן שפּיץ קאָפּ, די אויגן זיַינען זיַינע אויפגעלאָפן, און ווען קוליקאָוו האָט אַ געשריי געטאָן, האָט פּעטקע אים אַריַינגעקוקט גליַיך אין מויל אַריַין.

נאָר באַלד איז ער ערגעץ פאַרשוווּנדן געוואָרן, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מע האָט באַדאַרפט לויפן אין שפּיַיכלער נאָך לאָפּעטעס, אין קיך נאָך עמערס, און איך האָב אָן אים פאַרגעסן.

## ריַיטנדיק אויפן שטרויס.

פּעטקע האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט דעם שמועס, און יעדעס וואָרט האָט זיך איַינגעקריצט אין זיַין מויעך. אַוועקגייענדיק פון אונדז, האָט ער אַ פאַרטראַכטער, שטיל אַרומגעשפּאַצירט לענגאויס די בּיַידלעך, און האָט זיך ניט צוגעהערט צום טומל, וואָס מע האָט אויפגעהויבּן אין טאַבּאָר. דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אַרויסגענומען פון קעשעניע די הענט, אָנגענומען לויפט און מיטן גאַנצן קויעך זיך אַ לאָז געטאָן צום באַלשאָי־זאַגאָן.

ווען ער איז אַריבּערגעקראָכן דעם פּאַרקן, איז שוין געוואָרן שטאָק פינצטער, פינצטער און שטיל, נאָר די אויפגעוועקטע שטאַרן, וועלכע האָבּן אָנגענומען די רויטקיַיט פון דער סרייפע פאַר שאַריַען אַפּ טאָג, האָבּן

אויסגעפלידערט יעדע נאַרישקײַט, וואָס זיי האָבן אָנגעקליבן אומעטום, ווו זיי זענען געווען.

פעטקע האָט א פײַפ געטאָן. דערנאָך האָט ער זיך אײַנגעהערט און ווידער א פײַפ געטאָן. אָט אזוי, פײַפנדיק און אײַנהערנדיק זיך, איז ער א שטיקל צײַט ארומגעגאנגען איבער דעם באָלשאָי־זאגאָן.

— פאָמע! — האָט ער ענדלעך א געשריי געטאָן.

אָפּ פעטקעס רוף האָט זיך דערהערט דאָס מעקען פון די שעפּסן, דער פּײַפּ פון די פאסטעכער, דאָס הירזשען פון די לאָשעקלעך, די קוואקערײַ פון די זשאבעס, דער געוויש פון די מילן, דאָס בילן פון די הינט — דאָס האָבן די שטארן באַגעמאכט די קלאנגען, וועלכע זיי האָבן אין פארלויפּ פון טאָג געהערט.

ניט ווייניקער פון א האלבער שאָ האָט פעטקע געבלאָנדזשעט איבערן באָלשאָי־זאגאָן. אָפטמאָל האָט ער געקוקט אָפּ דער רויטקײַט, וואָס האָט זיך אופגעהויבן אלץ העכער און העכער. א האלבער הימל איז שוין געווען באדעקט מיט אזא אומבאוועגלעכן טונקל־רויטן אָפּגלאנץ פון דעם ברענענדיקן סטעפּ, און ער האָט נאָך שטארקער, אײַנגעשפּארטער אָנגעהויבן זוכן דעם שטרויס.

ווען ער איז שוין אינגאנצן געווען פארצווייפלט, ניט געגלייבט, אז ער וועט אים געפינען, איז פלוצים א הויכער בארג מיט פעדערן, אָפּ לאנגע פיס, ארויסגעקומען פון דער פינצטער אים אנטקעגן.

דאָס איז געווען דער שטרויס.

— נו, ווו ביסטו עס פארפאלן געוואָרן? — האָט פעטקע אים מיט פאָרוואורף געפרעגט, — ווען מע דארף — ביסטו ניטאָ, און ווען מע דארף ניט — פּלאָנטערסטו זיך פאר די פיס.

פעטקע האָט איבערגעקערט די קעשענע און אָפּ דער האנט ארויסגעשאָטן ברעקלעך ברויט.

— נא, ברודער, מער איז דערווײַל ניטאָ. ווען מיר וועלן קומען צו טאָרן, וועל איך דיך מיט א היבדל אָנקאָרמעווען. — ער האָט דאָס אָפּגעזאָגט און אוועקגעשפּאנט לענגויס דעם פּארקן, און דער שטרויס איז געגאנגען נאָך אים. אזוי האָבן זיי זיך דערקליבן צום טויערל, וואָס האָט געפירט גלײַך אין סטעפּ פון באָלשאָי־זאגאָן.

פעטקע האָט פאַנאַנדערגענומען דעם דראָט, מיט וועלכן מע האָט פאַר־מאַכט דאָס טויערל, דער שטרויס האָט אײַנגעבויגן דעם קאָפּ, ער זאָל זיך ניט אַ קלאַפּ טאָן אין אײבערשטן ברעטל, און איז אַרויס אין סטעפּ.

— נו, ברודער, פולן גאַנג! דריטע שנעלקייט! — האָט פעטקע אַ זאָג געטאָן.

פאַמע איז געשטאַנען פאַר אים, געפינטלט מיט די אויגן, אוועקגע־לייגט דעם קאָפּ אויף אַ זײַט. ער האָט, פאַרשטענדלעך, ניט געקאָנט ריידן. ווען ער וואָלט געקאָנט, וואָלט ער אָן צווייפל געזאָגט:

— נו, מיילע, ברודער, פולער — איז פולער, דריטע — איז דריטע. אַזאַ אויסזען האָט ער געהאַט.

זעצן זיך אָבער אויף אים רײַטנדיק איז ניט געווען אַזוי לײַכט. פעט־קע האָט אַרופגעקלעטערט אויפן פאַרקן און פאַמען אָנגענומען מיט איין האַנט פאַרן האַלדז.

— נו, ליבער שטרויסל, איצט האַלט זיך, — האָט ער געזאָגט און זיך געזעצט אויפן שטרויס, ווי אויף אַ פערד.

אַראָפּלאָזנדיק די פיס צווישן די פליגל און דעם האַלדז, איז ער גע־זעסן אויף דעם אָרט, וואָס עס רופט זיך בײַ די פערד „אונטער דער גריי־ווע", און האָט שטיל געפײַפט.

דער שטרויס האָט זיך פאַנאַנדערגעוויגט און געמאַכט דעם ערשטן טראָט...

דאָס אַלץ האָט מיר אויפן אַנדערן טאָג פעטקע דערציילט. נאַטירלעך, ער האָט זיך ניט זייער אַרײַנגעלאָזט אין איינצלהײַטן, ער האָט גערעדט קורץ, כאָטש ניט אַלע מאָל קלאָר, ווײַל ער האָט זײַן דערציילונג איבער־געפלאָכטן מיט אויסגעטראַכטע אויטאָמאָבילישע ווערטער.

וועגן דעם, צום בײַשפּיל, אַז ער איז אַראָפּגעפלויגן פונעם שטרויס בײַם אויסקערעווען זיך אויף שאַרפע קערפּונקטן, האָט ער נאָר דערמאַנט אַזוי, פאַרבײַגייענדיק.

וועגן דעם, אַז אין צוויי־דרײַ קילאָמעטער פונעם גלאַווני כוטאָר איז דער שטרויס געבליבן שטיין, ווי אַן אייזל, און זיך ניט גערירט פון אָרט, — האָט ער סוידעסדיק געזאָגט: „דאָ האָט מײַן מאָטאָר פאַרבוקסעוועט, און מיר איז אויסגעקומען אים אונטערצוגעבן גאַז".

וועגן דעם, אַז בײַם אַרײַנפאָרן אין גלאַווני כוטאָר האָט דער שטרויס

אַרויפֿגעטון אָטן אַפֿ אַ נעסט מיט שלאָפֿנדיקע ענטעלעך און ער האָט זיי אײנס נאָכן אַנדערן פֿײַערלעך אײַנגעשלונגען, און דערנאָך דורך דעם צעבראָכענעם פֿענצטער אַרײַנגעקוקט אין קאָאָפּעראַטיוו און פֿאַרביסן מיטן ריגל פֿון דער טיר, וועלכער האָט זיך געוואַלגערט, — האָט פּעטקע אויך קורץ דערציילט:

— נאָך די ענטעלעך האָב איך אים אָנגעהויבן קערעווען צו דעם פֿײַערלעשער־דעפּאָ, און ער איז הינטן־אַרום אַוועק צום צעאַרבקאָאָפּ. איך האָב אים געוואָלט פֿאַרהאַלטן, נאָר ער האָט אַרײַנגערוקט דעם קאָפּ אין פֿענצטער, אויפֿגעפּרעסן דעם ריגל און זיך אַ לאָז געטאָן ווײַטער.

וועגן דעם, ווי אַזוי מע האָט באַגעגנט אַ ייִנגל רײַטנדיק אַפֿ אַן אָפּ־ריקאַנישן שטרויס, האָט ער גאָרנישט דערציילט, — איך האָב זיך וועגן דעם דערוווּסט פֿון אײנעם אַ באַקאַנטן מעכאַניקער.

דער מעכאַניקער אַרבעט אַפֿ דער דריטער וואַכטע, און די דריטע וואַכטע אַרבעט באַנאַכט. איז זיך דער מעכאַניקער געזעסן אין קיך און געגעסן יויך, די קעכן האָט פֿאַר אים געבאַקט לאַטקעס. מיט־אַמאָל האָט זיך די טיר אויפֿגעפּראַלט, און אין קיך האָט אַרײַנגעשפּאַנט דער שטרויס. די קיך איז גראָד געווען אַ גרויסע. נאָר פֿונדעסטוועגן האָט ער אײַנגאַנצן אין איר ניט געקאָנט אַרײַן, זײַן עק איז געבליבן שטעקן אין דרויסן. די קעכן האָט פֿאַר שרעק איבערגעקערט די סקאָוואָראָדע מיט לאַטקעס אין פֿײַער אַרײַן, און אַליין האָט זי אַ פֿאַל געטאָן אַפֿן דיל און אָנגעהויבן קוויטשען. דער מעכאַניקער האָט זיך מיט דער יויך אָנגעהויבן וואַרגן, און פֿאַר מוירע אַרופֿגעשפּרונגען אַפֿן טיש. דאָ האָט ער דערזען, אַז רײַטנדיק אַפֿ אַ שטרויס זיצט אַ ייִנגל.

— ווּ איז דער דירעקטער? — האָט דאָס ייִנגל אַ פֿרעג געטאָן און פֿון אומגעדולד געצומענ שאָקלען מיט די פֿיס. — אַנו, רופֿ אים נאָר אַהער, דער פֿינפֿטער טאַכאָר ברענט! זאָל ער אַרויסשיקן פֿײַערלעשער!..

## זאָל לעבן פּאָמע!

אין דער צײַט, ווען פּעטקע האָט אַפֿ דרײַ פֿערטל פֿערד זיך געיאָגט צום גלאַווני־כאַטאָר נאָך די פֿײַערלעשער, האָבן מיר, ניט ווייסנדיק פֿון זײַן

פארטראכטנ פלאנ, געקעמפט, ווי נאָר מיר האָבנ געקאָנט, מיטנ אומ־גליק, וועלכער האָט אומדערווארט געטראָפנ דעמ טאבאָר אונ מײַנע פרײַנט.

צוויי טראקטערס האָבנ ארומ די בײַדלעכ זיכ א לאָז געטאָנ איינער קעגנ דעמ אנדערנ. נאָכ יעדנ טראקטער איז געבליבנ א ברייטער, דורכ־געאקערטער פאס, איבער וועלכנ דאָס פײַער האָט ניט געקאָנט אריבער, נאָכ יעדנ טראקטער איז געגאנגענ א פלוג מיט דרײַ לעמעשנ.

קוליקאָוו האָט א פארצווייפלטער, א צעשויבערטער געפירט איינעמ פונ די טראקטערס, אונ כאָטש די מאשינ איז געגאנגענ מיט איר גאנצער שנעלקײַט, האָט ער זי פונדעסטוועגנ געזידלט מיט די נידעריקסטע ווער־טער. אימ איז אלצ געווענ וויניק, עס האָט זיכ אימ אלצ געדוכט, אז דער טראקטער גייט זייער לאנגזאמ. אונ דער טראקטער האָט אזוי געקרעכצט, געסקריפעט אונ געטרעשטשעט, גלײַכ ווי ער זאָל געווענ זײַנ גרייט פונ טרײַשאפט זיכ צעפאלנ אפ שטיקלעכ.

אונ איכ מיט טשעבערדענ זײַנענ אוועק ראטעווענ דאָס פרווו־פעלד.

דאָס איז געווענ ניט זייער קיינ לײַכטע אופגאבע. צעפלאקערטע טונקעלע קנוילנ רויכ האָבנ זיכ געוויגט איבערנ סטעפ, דער ווינט האָט זיי געיאָגט גלײַכ אפ אונדז, אונ ווי נאָר מיר זײַנענ אָפגעפאָרנ פונ טא־באָר אפ צוויי־דרײַ קילאָמעטער — איז שוינ ניט געווענ מיט וואָס צו אָטע־מענ. איכ האָב א קוק געטאָנ אפ טשעבערדענ — ער איז געזעסנ אײַנגע־הויקערט, פרויערט, פארקרעמפט דאָס מויל. איכ האָב ניט געוואגט אימ צו זאָגנ, וואָס איכ קלער וועגנ אונדזער פלאנ.

אזוי זײַנענ מיר געפאָרנ. די לופט איז געוואָרנ אלצ שטיקנדיקער, טרערנ האָבנ זיכ מיר געשטעלט אינ די אויגנ. איכ האָב זיכ קוימ אײַנ־געהאלטנ פונ הוסטנ.

דאָס פרווו־פעלד איז שוינ געווענ ניט מער, ווי א האלבע ווערסט פונ אונדז, א רויטע, קרומע לעוואָנע, אָנ שטערנ, איז געהאנגענ איבערנ פעלד, אונ אלצ האָט אויסגעזעענ ווי דורכ א פארויכערט שטיקל גלאָז אינ דער צײַט פונ א זונ־פינצטערניש.

— לינקס! — האָט טשעבערדע א געשריי געטאָנ צומ טראקטעריסט.

אונ מיר האָבנ זיכ א קער געטאָנ אפ לינקס.

מיטנ טראקטער, וואָס האָט געשלעפט נאָכ זיכ צוויי פלוגנ, האָבנ

מיר געדאַרפֿט איבערשניידן דאָס פּראָווו־פֿעלד, וואָס האָט אין דער ברייט געהאַלטן ניט מער, ניט ווייניקער, ווי פֿינף קילאָמעטער, — אָט וואָס עס האָט פֿאַרטראַכט טשעבערדע.

ניט קיין רויערד האָבן מיר באַדאַרפֿט אופֿאַקערן, ניט קיין סטערניע, נאָר צייטיק ברויט, וואָס מע האָט שוין באַדאַרפֿט אָראָפּנעמען, האָבן מיר צעקוועטשט מיט דער שווערער מאַשין, פֿאַרשאָטן מיט אופֿגעהויבענע פּאַסן ערד.

איך האָב געזען, ווי רעכטס האָט זיך, פּאַראַלעל מיט אונדז, געגליטשט דאָס פּײַער: אָט האָט עס זיך אַזוי דערגעענטערט צו דער מאַשין, אַז דער דערשראָקענער טראַקטעריסט האָט ניטווילנדיק אויסגעקערעוועט דעם רודער, און אָט האָט עס זיך דערווײַטערט אין דער טוווע ליַיכט, פֿאָרזיכטיק און געל.

איך האָב געמיינט, אַז דאָס פּײַער וועט אונדז אַריבעריאָגן, און איך האָב זיך שוין געקליבן וועגן דעם זאָגן טשעבערדען (ער איז אַלץ געזעסן אַ שווײַגנדיקער, אַ טרויעריקער, און די אַקסלען זײַנע זײַנען גרוי געוואָרן פֿון רויך), נאָר ער האָט אַ געשריי געטאָן צום טראַקטעריסט:

— אַרומגיין, אַף לינקס!

מיר האָבן זיך ווידעראַמאָל אויסגעקערעוועט אַף לינקס.

איך האָב אַלע ווײַלע געריבן די פֿאַרטערטע אויגן און געקוקט אַף די רויט־געלע פֿיגורן פֿון פּײַער, וואָס האָבן געשפּאַצירט איבער דער טוווע. דאָס פּײַער איז ניט געווען אַזאַ שרעקלעכס, און איבערהויפּט האָט מען ניט געזען אַזעלכע שווידערלעכע בילדער, וועגן וועלכע פּעני־מאָר קופּער און אַנדערע האָבן דערציילט אין זייערע ביכער, וועלכע זיי האָבן געשריבן וועגן סרייפֿעס אין סטעפּ.

עס איז געווען אַ לײַכט פּײַער, אַ פֿאָרזיכטיקס, און עס האָט זיך אַזוי נידעריק געשפּרייט איבער דער ערד, אַז ווען ניט די זאַנגען, וואָס האָבן צײַטנווײַז אופֿגעפּלאַמט און זיך צעשאָטן אַף אַש, וואָלט מען עס אינגאַנצן געקאָנט פֿון אויג פֿאַרלירן.

נאָר דערפֿאַר איז דער הימל געווען אַזוי נידעריק, אַז ווען מע וואָלט, דוכט זיך, זיך געשטעלט אַף די פֿיס, וואָלט מען אים מיטן קאָפּ דערלאַנגט. דער הימל איז געווען אַ נידעריקער און אַ שווערער. דער רויך

האָט אויסגעזען ווי פעלדונ — דאָ א טונקל־רויטער, דאָרט א גאָלדיק־בלוי־ער, אונ א קופּערנע לעוואַנע איז געהאַנגען איבער די וואָלקנס, פונ פלאַם געפאַרבטע.

— ארומגיין! — האָט א געשריי געטאָן טשעבערדע. — לינקס!

ווען מיר האָבן דאָס מאָל זיך פאַרקערעוועט אפ לינקס, האָב איך דערזען, ווי עטלעכע שווארצע קײַקעלעך האָבן זיך פונ דעם רויכערנדיקן ווייץ ארויסגעקײַקלט אונ איבערגעלאָפן דעם פאַס, וואָס איז געבליבן נאָך אונדזער מאַשינע. דאָס זײַנען געווען שטעכלערס, וואָס זײַנען פונ פײַער אנטלאָפן.

נאָך די שטעכלערס איז, לעכערלעך אונטערשפּרינגענדיק, דורכגע־לאָפן דער לאַנג־אויערדיקער טושקאַנטשיק.

טשעבערדע איז אופגעשטאַנען, האָט אראָפּגערוקט די קעפּקע אי־בערן שטערן, אונ דער שאָטן פונ זײַן קאָפּ אונ שאַרפע אקסלען איז געפאַלן לינקס פונ אונדז. ער איז געשטאַנען אונ געקוקט ביז אפ דעם ברענענדיקן פעלד, אינ וועלכן מע האָט ארײַנגעלייגט אזויפיל קויכעס אונ זאָרג, נאָר אינ ווײַטן סטעפּ, אינ יענער זײַט, ווו מע האָט קוים גע־קאָנט דערקענען די ווײַסע זעגלען פונ די בײַדלעך.

— דאָס פײַער גייט אונדז ארום רינגענווײַז, — האָט טשעבערדע מיד אונ הייזעריק געזאָגט, — עס יאָגט אונדז איבער, מע קאָן דערמיט גאָר־נישט מאַכן. מיר וועלן ניט באַווײַזן זיך דערקלײַבן ביז דער מיט פעלד, אונ עס וועט שוין ווײַט אינ סטעפּ ארײַנדרינגען! — אונ פּלוצים האָט ער א געשריי געטאָן: — אינ סטעפּ ארײַן! אונ וואָס, אויב זיי האָבן די באַזע פונעם ברענ־מאַטעריאַל נישט באַוויזן ארומצואַקערן?

ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען, אינ וואָס פאַר א געפאַר עס גע־פינט זיך דער טאַבאָר, אונ ניט נאָר דער טאַבאָר — דער גאַנצער ארומיקער סטעפּ.

די באַזע פונעם ברענ־מאַטעריאַל, וועלכע איז געווען פול מיט ציס־טערנעס נאַפט, מיט פעסלעך ליגראָין, מיט באַנקעס בענזין, אָטאָ די זעלבע באַזע, ווו אינ דער מיט איז געשטאַנען א סלופּ, אונ אפן סלופּ א שאַרבן מיט צוויי ביינער, איינער אפן אנדערן אינ דער פאָרם פונ א קרייץ, אונ אונטער די ביינער אַן אונטערשריפט: „נישט רויכערן״, — אָט די באַזע

האָט זיך געפֿונען צווישן טאַבאָר און פּרווו־פֿעלד. און איבער דאָס פֿײַער וועט זיך איבערוואַרפֿן אין סטעפּ?..

צוויי בלויע שטראַלן האָבן פּלוצים דורכגעשניטן די פֿינצטער אין יענער זײַט, ווו עס האָט זיך געצויגן דער וועג, וואָס האָט פֿאַרייניקט דעם טאַבאָר מיט גלאַווני־כוטאָר.

עס האָט זיך דערהערט א קלונג פֿון א גלעקל, א פּײַפּ פֿון א סירענע.

דאָס איז געווען א פֿאַרצווייפֿלטער, גראָבער רעווע, נאָר אונדז האָט ער זיך אין דער מינוט אויסגעוויזן ליבער פֿון דער פֿריילעכסטער ליד.

— שטיי! — האָט א געשריי געטאָן טשעבערדע צום טראַקטעריסט.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דאָס רעווען האָט זיך געטראָגן אַלץ נענטער. אַלץ שטאַרקער האָט זיך צעקלונגען דער גלאָק, און די בלויע ליכט־גאַרבן פֿון די אווטאָמאָביל־לאַמטערנס האָבן זיך געצויגן צו אונדז, ווי לאַנגע פֿרײַנטלעכע הענט. און [אָט איז, ענדלעך, אַרויסגעפֿלויגן א רויטע מאַשין פֿון א זײַטיקן וועג. פֿײַערלעשער אין ברייטע בּרעזענ־טענע הויזן זײַנען געפּאָרן שטייענדיק, און די מעשענע היטלען האָבן געגלאַנצט אין דעם פּאַקעל־ליכט. איינער פֿון זיי האָט געדרייט דאָס הענטל פֿון דער סירענע, דער צווייטער האָט געקלונגען אין גלאָק, און דער דריטער — א קליינער מיט גרויסע וואָנצעס — האָט געבלאָזן אין א טרומייט. אָט אַזוי מיט א רעווערײַ, מיט א קלאַפּערײַ, א קלינגערײַ, איז די מאַשינע אין פֿולן גאַנג דורכגעפּאָרן פֿאַרבײַ אונדזער טראַקטער און זיך אָפּגעשטעלט, און פּלוצים האָבן זיך אַלע פֿײַערלעשער מיטאַמאָל אַרויסגעשאָטן און האָבן זיך געלאָזט לויפֿן צו אונדז...

פֿאַרטאָג זײַנען מיר, שמוציקע, פֿאַרויכערטע, געזעסן אונטערן זונ־בּײַדל אין קיך און געטרונקען טיי מיט האָניק. דאָס פֿײַער האָט ניט אָנגערירט ניט דעם טאַבאָר, ניט די בּאַזע פֿונעם בּרענ־מאַטע־ריאַל, און דאָס פּרווו־פֿעלד איז אָפּגעבּרענט געוואָרן בּלויז אַף דרײַ פּערטל, — איין פּערטל האָט זיך פֿונדעסטוועגן אײַנגעגעבּן אָפּצוראַטעווען.

לאַנג האָבּן מיר געטרונקען און געשוויגן. מיר זײַנען דאָ געווען אַלע — טשעבּערדע, קוליקאָוו, די פֿײַערלעשער און פּעטקע, דאָס ייִנגל,

וואָס האָט ניט ליב געהאַט קיין כּייעס. דער שטרויס איז געשטאַנען באַנאַנד מיט אונדז, צוגעבונדן פאַר א פוס צו דער באַוועגלעכער קיך, און האָט געפינטלט מיט די אויגן.

איך האָב דער ערשטער אויסגעטרונקען די טיי און האָב איבערגעגעבן דאָס טעפּעלע מיַין שאָכן.

— נו, וואָס, פּעטיע, — האָב איך זיך אָנגערופן, — דו האָסט געזאָגט, אַז כּייעס טויגן צו גאָרניט, אַז זיי זיַינען אַלע שוואַכע. און גיב נאָר א קוק, ווען ניט דיַין פּאָמע, וואָלט דער גאַנצער סטעפּ פון אַסקאַניע ביז דעם אַזאָווער יאַם אָפּגעברענט!

אַלע האָבן א קוק געטאָן אויפן שטרויס. ער האָט געביטן א פוס איבער א פוס, דעם קאָפּ האָט ער אויף א זיַיט אַוועקגעלייגט און געפינטלט, געפינטלט מיט די אויגן.

— יאָ, — האָט געזאָגט פּעטקע און האָט אויסגעגאָסן זיַין טיי אין א ליימענער שיסל. ער האָט אָנגעבראָקט אַהין ברויט, ציבעלע, צוגערוקט די שיסל דעם שטרויס אונטער דער נאָז, צערטלעך אים א קלאַפּ געטאָן איבערן האַלדז און האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיַין אָרט.

— יאָ, — האָט ער איבערגעכאַזערט, — נאָר דאָס איז בלויז געווען א צופאַל, וואָס אַלע מאַשינעס זיַינען געווען אין סאַמע ברען פון דער אַרבעט, און ווען עס וואָלט זיך דאָ געפונען אין טאַבאָר כאָטש א פּאָר וואַלגערטער אויטאָמאָביל...

פּעטקע האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט און פאַרזשמורעט איין אויג. ער האָט אָנגעהויבן שעפּטשען, באַוועגן מיט די פינגער, דערנאָך האָט ער איַינגעביסן א ליפּ און פאַרזשמורעט דאָס צווייטע אויג. ער האָט גערעכנט אין קאָפּ.

— אויב אין אן אויטאָמאָביל, לאָמיר זאָגן, איז צוועלף מיט א האַלבער קראַפט, און דער שטרויס — פּינקטלעך דריַי פערטל פערד, איז באַרעכן, אין וויפל מאָל שנעלער וואָלט איך דערפאָרן צום גלאַווני־כוטאָר? — אין זעכצן מיט איין אַכטל מאָל...

— דו ליַיגסט, — האָב איך געזאָגט, — איין זאַך איז שנעלקיַיט, א צווייטע זאַך איז קראַפט. און דער בעזשבן איז נישט קיין ריכטיקער: אין זעכצן מיט צוויי דריטל מאָל.

# אינהאלט

